# טאַטע מאַמעס

# צרות

לעבענס בילד מיט געזאנג

יין 4 אקטען.

מוזיק פון מאָגאַלעסקי.

פרייז 20 קאפ׳.

וואַרשא, תרס״ח.

דרוק י. עדעלשטיין, נאלעווקי 38.

СТРАДАНІЕ РОДИТЕЛЕЙ

Жизн. картина соч Л. ГЕБЕЛЯ.

ВАРШАВА. 1907.

Тип. И. Эдельштейна, Налевки 38.



פון

ל. געבעל.



יודישע

טעאטער-ביבליאטהעק

№ 10.



# פֶּערְזָאנֶען:

יצחק סאקאלאווער: בעל אכסניה

אסתר לאה: זיין ווייב.

מענדעלע: (סאָלדאט) } זייערע קינדער

הענעלע:

אברהם: זייער דינער

טאמאס: פינאַנס אויפזעהער

טראפעליק: זיין דינער

משה פליקמאן: אַ שטאָדט בעל הבית

דבורה: זיין טאָכטער

בריינדעל די רייטערקע: אַ יונגע אלמנה דינסט ביי פליי

חיים: ווין קעלנער

רב.

יודען, סאָלדאַטען, פאָלק.

М. К. Бронштейнъ

# ערשטער אַקט.

(אַ קרעטשמע אין וואַלד, טראַפּעליק זוכט).

## טראַפּעליק.

עס איז איהר ניט מעגליך אצונד צו זעהן, וואו זאָל זי ערגיץ זיין? איך מוז איהר געפינען. (אַב. אויפטריט אסתר לאה, חיים).

## אסתר.

זאָג מיר, נאָר חיים, האָסטו נישט געזעהען הענעלען?

## חיים.

ניין, בעל הבית'טע.

## אסתר.

ווי האַלט מען דאָס אוים! וועה מיר, אַגאַנצען טאָג איז זי נישטאָ, און וואו איז אברהם? איך האָב איהם דאָך געשיקט זי רופען.

## חיים.

וועמען, אברהם'ן? מיר דאַכט זיך, אַז איהר האָט איהם געשיקט צו משה שלאַבאַנדריק, צו דעם, וואָס וואָהנט הינטער'ן וואַלד.

## אסתר.

איך האָב פשוט פערגעסען. איך ווייס דען וואָס עס טהוט זיך מיט מיר?! מיין קאָפּף איז מיר זעהר פערדרעהט, מענדעלע האָט געשריבען אַ בריעף, אַז ער קומט אויף יום טוב אויף עטליכע שעה, זיי מאַרשירען אויף אַ מאַנעווער, וועלען זיי דאָ אָפּרוהען עטליכע שעה און דאָ איז שוין באַלד נאַכט און מען הערט נישט און מען זעהט נישט... הענעלע... הענעלע... (אָב).

## חיים.

הענעלע הייַנט, הענעלע מאָרגען, הענעלע ליגט ערגיץ אין וואַלד און לערענט שטיפּילאָזאָפיע. (אַ ב). (אויפטריט הענעלע).

## הענעלע.

אַכט טאָג זענען פאָריבער, זייט איך האָב איהם נישט געזעהן. האָט איהם אפשר עפּעס פּאַסירט, אָדער ליעבט ער מיך נישט מעהר? אַך ניין, דאָס וואָלט געווען אַ צו גרויסע וואונד אין מיינעם הערצען, איך וואָלט עס גאָר נישט אויסגעהאַלטען — און ווי עס ווילט זיך לעבען!

ווי עס ווילט זיך ליעבען, איהם ליעבען, איהם אליין, און אויך פון איהם געליעבט צו זיין — אך ווי גערנע וואלט איך אויסגעשריען פאר דער גאנצער וועלט דאס, וואס עס ליגט טיעף אין מיינעם הערצען פערבארגען — איך ליעב איהם — נאר קען דען דאס אמאל צו שטאנדע קומען? און מיינע עלטערן, און מיין רעליגיאן?! אוי, איך וועל עס נישט אויס האלטען... יא, עס מוז אזוי זיין! עס קען אנדערש נישט זיין! פאר וואס? וואס וועט מיך צווינגען?! רעליגיאנס־לעהרע?! הייסט דאס לעהרע, ווען מען מאכט איין אונטערשיעד צווישען מענשען? אונטערדריקט בארבאריש מענשען־געפיהלע? צושיידט גרויזאם ליעבענדע הערצען?! אה ניין!.. פריי וויל איך ליעבען און פריי וויל איך לעבען! און... ווער איז מיר! וואס וועל איך טהון? איך וועל דאמיט דאס הערץ פון מיינע עלטערן ברעכען, דער טאטע וועט עס נישט אויסהאלטען, די אלטע מאמע וועט פאר שאנדע פון דער וועלט געהן — אה ניין! שטיל און צוזאמען מיט מיינע טרעהרען זאל אויך דאס בלוט פון מיין פערוואונדעט הערץ אין געהיים פליעסען. (אויפטריט טראפעליק).

## טראפעליק.

וואו זאל זי ערגיץ זיין, די יודין? (זעהט) אָ! דו ביזט דא, מאיזעלע מיינס, איך זוך דיך אין דער פינסטער שוין אזוי לאנג.

## הענעלע.

טראפעליק! איהר זענט עס? עפיס נייעס? ליבער. גוטער אלטער, עפיס פון מיין טאטאסען?

## טראפעליק.

טאק מאיא פאנענקא (שטיל) א בריוועלע.

## הענעלע.

איין בריעף!? ער ערווארטעט מיך נישט אין וואלד ווי אימער?

## טראפעליק.

ער ערווארטעט אייך יא אין וואלד, נאר ער פאהרט אוועק אין א 3 שעה ארום, דער בריעף וועט אייך אלעס ערקלערען. דאברא נאטץ, ער איז היינט אויך אין וואלד. (אב).

## הענעלע.

ער רייזט אב אין 3 שעה ארום? — יעצט בין איך בעטראגען, אך מיין הערץ. (וויינט. אויפטריט אסתר לאה).

## אסתר.

הענעלע! הענעלע! וואו ביסט דו ערגעץ הענעלע? (געפינט איהר)

וועה מיר, וואס ביזטו עפּעס אַזוי פּערוויינט, ביזט דאָך עפּעס גאָר פּערענדערט.

## העגעלע.

וואס פאלט דיר איין, מאמעניו?.. מערקסט עפּעס אַ ענדערונג אין מיר?– איך בין די זעלבע, וואס איך בין געוועזן פריהער, מאַמעניו.

(לאכט געצוואונגען).

## אסתר.

לייקען מיר ניט אָב, דו ביזט אגאנץ אַנדערע געוואָרען; זייט אַקורצער צייט האָסטו דיך אַזוי פּערענדערט, אַז עס איז דאָך דיר גאָר נישט צו דערקענען. אוי קינד מיינס, קינד מיינס!

## העגעלע.

מאמעניו, עס דאַכט זיך דיר אויס, דען דו דאַרפסט ניט פּערגעסען מאַמעניו, מען ווערט ניט יונגער נאָר עלטער, אַלעס ענדערט זיך מיט דער צייט, מען הויבט אָן צו קומען צום ריכטיגען פערשטאַנד, מען הויבט אָן אַנדערש צו דיינקען, אנדערש צו גלויבען און עס איז זייער שווער צו בלייבען ביים אַלטען...

## אסתר.

זעהסט דו מיין קינד, אַז עס האלט שוין דערביי, וויל איך דיר פּערטרויען אַ סוד: דער טאַטע זאָל לעבען, האָט שוין היינט גערעט מיט זלמן פּעסעלעס. דו קענסט זיין זינדעלע יוסעלען?...

## העגעלע.

מאַמעניו! וואס רעדסט דו?! אָט דער ישיבה'ניק, דער בטלן?.. אָבער מאַמעניו, וואס רעדסט דו וועגען שידוכים, איך בין נאָך אַזוי יונג, און מענדעלע איז דאָך עפּעס עלטער פון מיר.

## אסתר.

איז וואס? מענדעלע איז זיך אויך אַ יחסן. נאַרעלע, זעהסט, אַז עס האלט שוין דאביי וועל איך דיר פּערטרויען נאָך אַ סוד; מיר האָבען שוין אַלע בעשטימט ווען עס זאָל זיין די תנאים מיט...

## העגעלע.

(האַקט איהר איבער). ניין, ניין מאמעניו! וואס רעדסטו? ווי קענט איהר גאָר דענקען אַזאַ זאַך צו טהון, איך בין דאָך אַזוי יונג... איהר האָט מיר גאָר נישט געפּרעגט, מיט זלמן פּעסעלעס זינדעלע?... מאַמעניו! זאָג דעם טאַטען, אַז עס קען ניט זיין. עס קען ניט זיין... מאַמעניו איך בין זעהר אונגליקליך (וויינט).

### אסתר.

וועה מיר, הענעלע, וואָס איז דאָס? דער קאָפּף ברענט דיר! פּינסטער איז מיר, קינד מיינס, אפשר ביזטו קראַנק? און פונקט. היינט ווען מענדעלע קומט.

### הענעלע.

ניין, מאַמעניו, איך בין געזונד און פריש, עפּעס איז מיר יעצט אויפ'ן האַרצען שווער, ווען דו האָסט מיר ערצעהלט דעם סוד. קום מאַמעניו ציינד אָן ליכט וועט פרעהליכער ווערען (ביידע אָב. אויפטריט חיים).

### חיים.

אָט אַזוי, אַציינד וועלען מיר זעהען וואָס פאַר א בריוועלע דער אַלטער טראַפּעליק האָט געבראַכט הענעלען. (לעזט) וועה איז מיר, הענעלע, מיט אַ שיינעץ גאָר?! הענעלע, אַז דו ווילסט שוין יאָ בין איך דאָך עפּעס אַ יודישער בחור. (אויפטריט אַברהם).

### אברהם.

בעל-הבית'טע!... חיים, וואו איז די בעל-הבית'טע.

### חיים.

וואָס איז, וואָס לויפסט דו אזוי?!

### אברהם.

איך לויף, — שוטה, טיפּוש! איך פליה מיט מיינע ביידע פיס. וואו זענען זיי? שנעלער רוף זיי (שרייט) בעל-הבית'טע, הענעלע, ער איז דאָ, ער שפּאַנט, ער מאַרשירט, ער ענציזירט, ער מאַכט לופטשריט, ער דעפעלירט (אויפטריט אסתר לאה).

### אסתר.

וואָס איז אברהם, אפשר איז מענדעלע שוין דאָ?!

### אברהם.

בעל-הבית'טע לאָמיר זיך צוקושען, בעל-הבית'טע לאָמיר זיך צו טאַנצען, בעל-הבית'טע צושפּרינגען. אַלע וועלען מיר היינטיגען יום-טוב האָבען אַ יום-טוב, אַז זייט יום-טוב יום-טוב'ט זיך האָט זיך נאָך נישט אויס געיום-טוב'ט אַזאַ יום-טוב וואָס מיר וועלען האָבען. מענדעלע מאַרשירט אַ הער, איך זאָג אייך מיט שטערען, מיט 15 זעלנער, מיט טשאַקעס מיט שפּיזען.

### אסתר.

וואָס אברהם, האָסט איהם געזעהען?

### אברהם.

וואָס הייסט געזעהען, געשמועסט, געפּלוידערט, באַלאַקעט.

### אסתר.

אוי, מיין מענדעלע, מיין בן יחיד'ל.

### אברהם.

איהר זאָלט זעהען אַ סאָלדאַט, אז זייט סאָלדאַטען סאָלדאַטען זיך
האָט זיך נאָך נישט אויסגעסאָלדאַטעט אַזאַ סאָלדאַט ווי מענדעלע איז.

### חיים.

מען דאַרף געהן אין שוהל אַריין זאָגען דעם בעל-הבית די גוטע
בשורה. (אָב).

### אברהם.

אוי וועלען מיר היינט האָבען אַ שבועות, אַז אסתר המלכה האָט
ניט געהאַט אַזאַ פּורים (ס'הערט זיך שפּילען מוזיק. אויפטריט: וועלנער, מענדעלע).

### מענדעלע.

מאַמעניו, מיין מאַמעניו!

### אסתר.

מענדעלע, מיין זוהן, מיין נשמה!

### מענדעלע.

ווער קען אַצונד בעצאָהלען מיין פרייד!

### אברהם.

זאָל איך אַ מכה האָבען, אויב עמיצער איז אימשטאַנדע.

### מענדעלע.

נו, מאַמעניו, וואָס מאַכסט דו און דער טאַטעניו זאָל לעבען וואָס
מאַכט, וואָס מאַכט העניעלע? נו, קאָמעראַדען לאָזט אונז יעצט אַליין.
(מוזיק מאַרש, סאָלדאַטען מאַרשירען אָב. פערוואַנדלונג וואַלד. טאָמאַס, טראַפּעליק).

### טאמאס.

קורץ דו האָסט זי געטראָפען. האָסט דו איהר אָבגעגעבען דעם
בריעף? האָסט דו איהר געזאָגט, דאָס איך ערוואַרטע זי אין וואַלד?

### טראפּעליק.

טאַק, טאַק, פּאַני טאָמאַס, אַלעס פּונקטליך, ווי איהר האָט מיר
געהייסען.

## טאמאס.

און ווי האט די נאַבריבלט אויף איהר געווירקט?

## טראַפּעליק.

שרעקליך, קוים האב איך איהר נאר געזאגט אז איהר פאהרט־וועק אין אפאר שעה ארום איז זי געבליבען שטעהן ווי א דערשלאגענע און האט שרעקליך אנגעהויבען צו ציטערען. (אברהם געהט דורך מיט פלעשער).

## טאמאס.

איך רעכען, אז עס וועט לייכט געהן... ווער געהט עס דארט, טראַפּעליק?

## טראַפּעליק.

דאס איז דער קעלנער, ער טראגט וויין צו פערקויפען ער הייסט אברהם.

## טאמאס.

זי קומט ניט, עס ווערט שפעט. גיעה איהר, אלטער, אנטגעגען, (ער וויל געהן. מען הערט הינטער די קוליסען: העגעלע רופט, טאמאס, טאמאס).

## טאמאס.

זי איז עס ענדליך. (גיט טראפעליק געלד) געה פערלאסע מיך (אב)

## העגעלע.

טאמאס!

## טאמאס.

האנושא! (אומארמונג).

## העגעלע.

אה, טאמאס, איך בין פערלארען דיין בריעף איז מיר פלעצליך פערלארען געגאנגען.

## טאמאס.

מיין בריעף! מיין גאט! אפשר האט איהם עמיעצער געפונען און וועט איהם דיינע עלטערן איבערגעבען. האנושא, דו קענסט נישט מעהר נאך הויזע געהן.

## העגעלע.

וועה איז מיר, אן אנגסט בעפאלט מיך, וואס פאר איין ראטה גיט מען זיך? ווען מיין פרומער פאטער ווירד דעם בריעף לעזען?!

## טאמאס.

(אפארט) דער יעצטיגער מאמענט איז גינסטיג! (לויט) האנושא,

נעליבטע מיינעם הערצענס, ענטפער מיר אויפריכטיג און טריי, ליעבסטו מיך?

## הענעלע.

וואצו יעצט דיזע פראגע? דו ווייסט דאך, דאס דו ביסט דער גרונד מיינער זעעלע; דו האסט דיך פון טאג צו טאג טיפער איינגעגראבען אין מיינער זעעלע, טאמאס, דו ביסט מיין לעבען (וויינט.)

## טאמאס.

נו איבערצייגע מיר דיינע טריע און ענטפליהע מיט מיר צוזאמען.

## הענעלע.

וועה איז מיר.

## טאמאס.

נו, ווארום האסט דו דיך ערשראקען? איז דען דאס אזוי שרעקליך? פאסירט דען דאס ניט יעדען טאג? ווען דו האסט מיך ליעב האבען מיר נישט קיין אנדערען אויסוועג. האנושא, זאג יא...

## הענעלע.

טאמאס, ניין, עס קען דיין ערענסט ניט זיין, טאמאס, איך בעט דיר האב רחמנות דו קענסט מיט מיר אלעס טהון, טהוע וואס דו ווילסט נאר דאס נישט. מיין גאט, עס איז מיר בלויז אויף דען געדאנקען געקומען וועה מיר און מיך שוידערט.

## טאמאס.

האנושא, געליבטע מיינע, ווילסט דו דאס לעבען זא פאריבער גיין לאזען; דו ביזט נאך יונג, דיין לעבען פאנגט ערשט אן. נו, פאר וואס זאלען אפאר טרעהרען דאס גליק פון צוויי יונגע זעעלען צערשטערען, דאס הערץ פון צוויי ליעבענדע צושיידען? האנושא, איך פאהר אוועק נאך גערליץ אום א גרעסערע שטעלע אלס פינאנס צו בעקומען אבער וואס האבע איך פון מיין גרויסען טיטול אהנע דיר (אברהם געהט צוריק.)
נו, וואס שווייגסט דו? געפינסט דו גאר קיין ווארט פאר מיינעט וועגען! מיין גאט, דו פיבערסט!

## הענעלע.

היינט האט מיר די מאמע אלע סודות אנפערטרויט, זלמן פעסעלע'ס זינדעלע חא חא חא פוי, מיך עקעלט. ווען דאס זאל אמת זיין וואלט איך געשטארבען, זיי האבען בעשטימט שוין די תנאים מיט זלמן פעסעלע'ס ינדעלע, נו, אז עס וועט קומען די שחיטה וועט סיי ווי סיי בלייבען זאיינס... טאמאס, איך בין צו שוואך, דאס בלוט קאכט אין מיינע אדערען, אדיע זיסע, ווילדע ליידענשאפט, ריין פאן זינד, טאמאס נאך גערליץ.

## טאמאס.

אָה, האַנושאַ, דו ווילינגסט איין?

## הענעלע.

חאַ חאַ חאַ... באַלד די תנאים מיט זלמן פּעסעלע׳ס זינדעלע, מיין מאַמעס שידוך... אוי טאַטעניו... אוי מאַמעניו (טאָמאַס פיהרט זי אָב • פּערוואַנדלונג שטיב מענדעלע זינגט אסתר ביים טיש).

## מענדעלע.

שוין אַזוי שפּעט מאַמעניו, באַלד וועט מען געבען דעם סיגנאַל ווייטער צו מאַרשירען... וואָס איז, מאַמעניו, וואָס וויינסטו?

## אסתר.

דאָס לידעלע, מיין קינד, האָט מיך דערמאָנט אין יענע צייטען, ווען דו ביסט געוועזען מיט אונז צוזאַמען, אַ יודעלע נישט אין זעלנער־קליידער.

## מענדעלע.

זאָרג ניט, מאַמעניו, די דריי יאָהר זענען באַלד פּאָריבער נאָך 6 מאָנאַטען, אונד דאַן וועל איך זיין פריי. מאַמעניו, דו קענסט זיך גאָר ניט פאָרשטעלען די פריידע, ווען איך האָב געהערט לייענען דעם בעפעהל פון דעם הויפּטמאַן, אַז מיר מאַרשירען דורך נאַייסאַנדיטש און דאָרטען וועלען מיר רוהען אַ פאָר שעה, מיין היימאַט שטאָט, מיין וויגעלע, וואו איך וועל ווידער זעהן קענען מיינע ליבע עלטערען און מיין ליבע שוועסטעריל.

## אסתר.

מיין זינדעלע, מיין לעבען, מיין נשמה.

## מענדעלע.

געדולד, מאמעניו, עס וועט שוין ווערען ווי עס איז געוועזען, (אויפטריט חיים).

## חיים.

דער בעל־הבית געהט אַ העך מיט אַ האַלבע קלויז יודען מענדעלען מקבל־פנים צו זיין (אויפטריט יצחק, יודען געבען מענדעלען שלום עליכם)

## יצחק.

מענדעלע, מיין בן־יחיד, מיין קדיש.

## מענדעלע.

אַז איך בין געקומען, טאַטעניו, וויל איך נישט זעהען קיין טרעהרען.

## יצחק.

חלילה, ווער ווייגט דען, מיין קינד... אוי יודען, וועלען מיר האבען א לוסטיגען יום=טוב! אנו מיין זינדעלע טהוע אויס דעם מאנטעל און טהוע אן, אין שאפע הענגט דיין בעקעשקעלע מיט דער יארמאלקע, און קום צום טיש וועלען מיר מאכען קידוש (מענדעלע, אסתר אב) נו יודען ווי געפעלט אייך מיין זינדעלע? דער מאטע דארף נאר זאגען איין ווארט און עס איז געשעהען. היינט יודען וועלען מיר זיך באמת משמח זיין לכבוד זמן=מתן=תורתנו (אויפטריט מענדעלע, אסתר) נו רבותי, מעג יצחק סאקאלאווער שטאלצירען מיט זיינע קינדער! מענדעלע, דו מאכסט קידוש!

## מענדעלע.

ניין, טאטעניו, קדוש ווערטו מאכען.

## אסתר.

ווען די עטליכע חדשים וועלען פאריבער געהן, מענדעלע וועט אהיים קומען, וועלען מיר תיכף מאכען תנאים. ווייסט איהר יודין ווער דער מחותן איז, עפיס א קלייניגקייט ר' משה, גארליצער ראש=הקהל, און טאקע די כלה מיר זאל זיין פאר איהר פנים, און אז השי"ת וועט מיר העלפען וועלען מיר טאקע גיך און באלד א שידוך טהון מיט אונזער בת יחידה הענעלע.

## יצחק.

יא, וואו איז טאקע הענעלע?! חיים, וואו איז ערגעץ הענעלע? מען האט דיך געשיקט זי זוכען, געה שיק איהר אריין צום קידוש, זי מוז זיין ביי זיך אין צימער אויבען.

## חיים.

אוי, אט געה איך! מיר דאכט זיך, אז זי איז אויבען נישטא. (אב).

## יצחק.

מענדעלע, זינג מיר לכבוד=יום=טוב זמן=מתן=תורתנו. דאס פאטריאטישע לידעלע: ישראליק טאטע קום אהיים.

## אלע.

זינגט, זינגט.

## מענדעלע. (זינגט.)

זאג מיר יודעל ברודער מיינס<br>און גיב מיר צו ערקלערען,

צו וועט דען גאָר קיין סוף זיין
דער סוף פון נויט און טרעהרען.
מען רויבט דיר דיין בלוט
מען נעהמט צו דיין מוטה
און דו מוסט נאָך שווייגען
דו זעהסט אַלעס צו
טראָגסט איבער מיט מיה
און גאָטט איז נאָר דיין צייגע!

דאַרום קום ישראליק, קום אַהיים,
אין דעם אייגען לאַנד אין דעם
ישראליק טאַטע קלעהר קיין סך,
זיי אַ פאָלק מיט פעלקער גלייך,
ישראליק טאַטע קום שנעל אהיים]
אוי, אוי, אוי, אוי, אוי. (כאָר בים).

---

II.

דו ביסט דאָך אַ פאַטריאָט
קעמפפסט מיט דעם טיראַן,
נעהם בעטראַכט זיך נאָך גאַנץ גוט
וואָס וועט פון דיר זיין.
דו געהסט געגען פיינד פאַר דיין פאָטער לאַנד
גלייך אין שלאַכט-פעלד שיסען
ער דריקט דיך גאַנץ גוט
און לאַכט פון דיין בלוט
ווען ער זעהט דאָס פליעסען.
און די ווילדע טיראַנאיי
מיט וואָס בעלוינט זי דען דיך? —]
אין פנים גיט זי דיר אַ שפייא
יוד, מאַרשיר פון היער.

דאַרום קום ישראליק א. ז. וו.

---

## III·

איהר בעטראַכט אַלע גאַנץ גוט
וואָס איך וויל אויספיהרען:
ביז וואַנען ברידערלעך וועלען מיר
זיך לאָזען אַזוי טיראַניזירען.
נו קומט אַלע אַ צונד אין ציון געשווינד
גלייך אין אונזער היימאַט
דאָרט וועט אונז שוין זיין גוט,
מיר וועלען נישט הערען מעהר רופען אונז זשיד
פון אַ גראָבען איגנאַט.
דאַרום ישראליק קום אַהיים
ווער יודיש בלוט נאָר האָט
און מיר וועלען אַלע ליבען צוזאַמען אונזער גאָט
קום שוין ישראליק קום אַהיים...

,(פאָר בים). (אויפטריט אברהם)·

### אברהם.

(שרייט) בעל-הבית'טע! מענדעלע! לויפט שנעלער!

### אלע.

וואָס איז? (אויפטריט היים)

### אסתר.

וואוהין זאָלען מיר לויפען?

### אברהם.

אוי, איך אונגליקליכער בעל-עבירה'ניק, איך מוז נעבעך אָנזאָגען די גוטע בשורה. לויפט אין וואַלד אַריין.

### יצחק.

וואָס איז אין וואַלד? וואָס רעדסטו נישט? האַ!

### אברהם.

איך וואָלט געערדט האָב איך מורא, וואָלט איך געשוויגען האָב איך מורא, צוריק-געהענדיג פון משה שלאַבאַנדריק מיט דעם וויין, האָב איך געזעהען הענגלען מיט דעם פינאַנס.

### יצחק.

שטיל! וואָס, הענעלע? הענעלע איז גאָר ניט געוועזן צום קידוש? וואו איז הענעלע? האַ?

### אסתר.

פינסטער איז מיין וועלט, חיים, דו ביסט דאָך געוועזן אויבען נאָך איהר.

### חיים.

איך האָב זי געזוכט, זי איז נישטאָ אין ערגעץ.

### אברהם.

מיר דאַכט זיך, זי איז אַוועק מיט דעם שייגעץ.

### יצחק.

(גיט איהם א פאטש) נאַ דיר אַ שייגעץ.

### אסתר.

וועה איז מיר!

### מענדעלע.

טאַטעניו!

### יצחק.

אויף מיין קינד, אויף מיין כשרה הענעלען וועט מען וואגען דאָס צו זאָגען. חאַ חאַ חאַ, איהר הערט יודען, עס איז אַ ליגען, חיים, שנעל רוף אַריין הענעלען!

### חיים.

איהר וועט מיר מוחל זיין, בעל=הבית לעבען! דאָס בריוועלע האָב איך היינט אין גאָרטען געפונען, הענעלע האָט דאָס פערלאָרען איך האָב דאָס אייך ערשט געוואָלט אָב=געבען נאָך יום=טוב, כדי נישט צו פערשטערען יו״ט, נאָר ווי באַלד עס איז שוין אַזוי אויס געקומען, נאַט עס אייך און זעהט. (יצחק לעזט, פאלט, פערליהרט דעם בריף, וויינט).

### אסתר.

וועה איז מיר! מיין קינד, מיין הענעלע! (וויינט).

### מענדעלע.

(הויבט אויף דעם בריף). מאַמעניו איך בעט דיך זיי רוהיג.

### יצחק.

וועה צו מיינע אַלטע יאָהרען, אסתר לאה, מיר האָבען פערלאָרען אונזער קינד, אונזער בת=יחידה פערלאָרען. פערלאָרען מיין עהרע,

מײַן נאָמען, געפֿאַלען מײַן שטאָלץ. (װײנט) אסתר לאה!...

## מענדעלע.

וואָס געפֿאַלען, וואָס פֿערפֿלעקט? ניין! זאָג איך, זאָ לאַנג איך וועל לעבען וועט די עהרע פֿון מײַנע עלטערען בלײַבען און זײַן ווי עס איז געוועזען. קום, אברהם, צײַג מיר דאָס אָרט, וואו דו האָסט זיי בײדע געטראָפֿען, קום שנעלער (ערשטער סיגנאַל) מײַן גאָט צו שפּעט, איך מוז פֿאָהרען.

## אסתר.

אויך דו מײַן קינד פֿערלאָזט אונז. אצונד האָבען מיר ניט קײנעם נאָר דיך, דו ביזט אונזער אײנציגער טרײסט, בלײַב מיט אונז מײַן קינד. (וויינט, צווייטער סיגנאַל)

## מענדעלע.

מאַמעניו, איך מוז פֿאָהרען, איך האָב שוין בעדאַרפֿט דאָרט צו זײַן. (טהוט אויס די בעקעשע.)

## יצחק.

זונעניו, ווי לאָזטו, אונז איבער? (דריטער סיגנאַל).

## מענדעלע.

זײַט געזונד און בלײַבט רוהיג, איך וועל בעטען אורלויב און וועל קומען באַלד! זײַט געזונד! (אָב. אַלע אָב. אסתר לויפֿט איהם נאָך).

(פֿאָרהאַנג פֿאַלט).

---

# צווייטער אַקט.

(צימער ביי פֿליקמאַנען. ברײַנע).

## ברײנע.

האָט איהר געהערט אַ מעשה, וואָס דאָ טהוט זיך פֿאַר אַן'איבער-קעהרעניש! אין די עטליכע פֿאַר טעג, וואָס דעם בעל-הבית מחותנים שטעהען דאָ איין-נאָר מען וויינט און מען קלאָגט ווי נאָך אַ טוידטען, איך האָב דאָך שוין, גאָטט זאָל מיר ניט שטראָפֿען פֿאַר די רייד, געהאַט בה"ש דרײַ מענער: 2 געגעט און איינער איז נעבעך געשטאָרבען, און איך האָב נישט אַזוי פֿיל געוויינט ווי פֿיעל זיי נאָך דער איינער טאָכטער, און טאַקע דער מחותן. הערט אַ מעשה מיט אַ שייגעץ גאָר, איך בין

דאָך עֶפּעס אויך גֶעווען א מויד פוּן לובקעס און נאָך ווי אין קראָקוי אויפ'ן קוזמארק, אָבער אַ שיינֶעץ? האָט איהר גֶעהערט אַ מעשה? וואָס טויג מיר אַ מעשה מיט אַ שייגעץ? עס איז דאָ ווענִיג יודישע בחורים, וואָס מען קען מיט זיי טרייבען וועלטען, למשל טאַקע דער משרת אברהם איז דען ווייניג אַ שיינער בחור, גאָט זאָל מיך ניט שטראָפֶען פאַר די רייד, אויב, ער וויל נאָר, פאַר וואָס דען ניט? אָט געהט ער טאַקע? (אויפּטריט אברהם)・

## אברהם.

זאָגט מיר נאָר, איך בעט אייך, וואו גֶעהט מען דאָ צום פאַן מישקאָווסקי, איך בעדאַרף איהם טראָגען דעם בריעף, דער פריץ, זאָגט מען, קען וויסען צו הענעלע איז דאָ, צו ניט.

## ברײנע.

וואָס פרעגט איהר, צו איך גוים וואו דער פריץ מישקאָווסקע וואוינט? אַ שיינע קשיה, איז דען אין גאַנץ גאָרליץ איין פריץ דאָ, וואָס אך זאָל אים ניט קענען? זעצט אייך אַביסעלע, חלעבען אין קראָקוי אויפ'ען קוזמארק אַז אַזאַ בחור זאָל דערזעהען אַ יונגע אַלמנה... זיצט, זיצט, ר' אברהם הייסט איהר טאַקע, אַ שיינער נאָמען. זאָגט מיר נאָר, אברהם, אַ אַ אַ אַלמנה איז אַ מצוה... גאָט זאָל מיך ניט שטראָפען פאַר די רייד.

## אברהם.

וואָס וויל דאָס שלימזל האָבען פון מיר, זאָגט מיר נאָר, איהר האָט דאָך מיך גֶעוואָלט זאָגען, ווי מען גֶעהט צום פאַן מישקאָווסקי, איך מוז איהם זעהען, איהם דעם בריעף אָפּגעבען.

## ברײנע.

וואָס דען, איך וועל אייך ניט זאָגען!? נאָר זיצט אַביסעל, וואָס זענט איהר אַזוי צוטראָגען? זאָגט נאָר איך בעט אייך, וואָס נעמט איהר זיך אַזוי דאָס לעבען? האָט איהר גֶעהערט אַ מעשה, עס איז טאַקע אַ אומגליק מיט אַ שייגעץ, מילה מיט אַ בחור איז נאָך אַ האַלבע צרה, אָבער מיט אַ שייגעץ? — חלעבען וואָס מיר פלעגען איבער קערען אין קראָקוי אויפ'ן קוזמאַרק...

## אברהם.

גֶעוואַלד, וואָס ווילט איהר פון מיר האָבען? וואָס האָט איהר אייך אָן מיך אָנגעצעפּעט!

## ברײנע.

גֶעזונט און שטאַרק זאָלט איהר מיר זיין, איהר זענט דאָך אַ יונגער

מאַן און איך בין דאָך אַ אַלמנה. וואָס איז דען דאָ זיך צו שעמען, ר׳ אברהם, איך האָב אייך ליעב, וואָס קען מען העלפען? האָט איהר געהערט אַ מעשה. אַזוי ווי איך בין...

## אברהם.

אַגרויסער שלימזל! זאָלט איהר אייך אָבטשעפּען פון מיר, יודענע! וואָס ווילט איהר פון מיר האָבען!! וואָס דרעהט איהר מיר מיין קאָפּף מיט קראָקוי, מיט קוזמארק, מיט, געהערט מעשה, און מיט געזעהן אַמעשה, פונקט אין אַזאַ צייט, וואָס יעדערער איז אויף אַזעלכע צרות, גלוסט זיך אייך צו זינדיגען מיט ליובקעס. איך בעט אייך, לאָזט מיר אָפּ, איך האָב אין מיין לעבען נישט געזינדיגט אפילו מיט אַ מויד, בפרט מיט איין אלמנה. קראָקויער אלמנה! צערייצט מיר ניט מיין יצר־הרע, איך בין און בלייב איין ערליכער בחור.

## בריינע.

אוי אברהם ברודער, עהרלעך איז שווערלעך (קיצעלט איהם).

## אברהם.

וואָס דודעלט זי מיך? בריינדעלע, זאָג מיר נאָר דו ביזט דאָך עפּעס אַ ווייבעלע פון דריי מענער קומט טאַקע תמיד אָן שוועהר ביז מען צו היצט זיך און מען גיט אַ קוש (אברהם זינגט דאָ: עס העלפט ניט, זי וויל קושען, אויפטריט משה).

## משה.

איהר זענט עס בריינע, וואו איז ערגעץ דבורה?

## בריינע.

וואו זאָל זי זיין ביי די מחותנים, אין דער צווייטער שטוב, זי העלפט זיי ווייגען!

## משה.

זאָג דבורה׳ן איך וויל זי זעהן.

## בריינע.

וואָס דען איך וועל איהר ניט זאָגען! האָט איהר געהערט אַ מעשה... (אָב).

## משה.

דער קאָפּף איז מיר אַזוי פערדרעהט. נאַ דיר אומזיסטיגע צרות אויף מיין קאָפּף, וואָס פאַר איין איבערקעהרעניש דאָ איז געוואָרען אין די לעצטע עטליכע טעג, דאָס קינד מיינס איז אויס מענש. נאָר איך וועל דען צו לאָזען, וועל איך דען שווייגען, וועל איך דען דעם שידוך

צו לאָזען?! מיין קינד, מיין בת יחידה, מיט אַ חתן וואָס האָט אַ שוועסטער א משומדת, ניין? משה פליקמאַן פּאַסט דאָס נישט, און וועט עס נישט צו לאָזען, מיין דבורה וועט אפילו נישט וועלען, נאָר אַז איך זאָג ניין וועט זיין ניין (אויפטרעט דבורה, וויינט) וואָס שוין ווידער געוויינט קינד וואָס דו ביסט? וואָס נעמסט דו דיך אַזוי צום האַרצען!

## דבורה.

אוי פּאָטער ווי קען אַ מענש צו זעהען אַזוי פיעל שמערצען און דאַביי נישט מיט פילען קוקענדיג אויף די אַלטע עלענדע טאַטע מאַמע.

## משה.

נו, נו, וויין נישט איך האָב מיט דיר אַ סך צו ריידען, נאָר יודען געהען אַצונד אין שוהל אריין, איך געה אַצונד אין שול, אָבער איך קום באַלד צוריק וועל איך מיט דיר שוין ריידען (אָב. אויפטריט אסתר).

## אסתר.

קינד מיינס, וואו איז דער טאַטע, דער מחותן, איך וואָלט געוואָלט איין עצה, טאָכטער, גיב דו מיר איין עצה, וואָס זאָל איך טהון? דער אַלטער איז שוין אויס מענש, אַלט, צערבראָכען, שוין פיער טעג זענען מיר דאָ און מיר האָבען נאָך גאָר נישט ערפּאַה-רען, ביטער און פינסטער איז מיר, גאָטעניו, פאַר וואָס שטראָפסט דו אונז אַזוי שווער?

## דבורה.

בערואיגט אייך, מחותנת׳טע, גיט די האָפנונג נישט אויף, מיר האָפען דער פריץ מישקאָווסקע וועט אונז אַ גרויסע טובה טוהן ער איז איין יודען פריינד. אויב זי איז דאָ וועלען מיר נאָך היינט וויסען.

## אסתר.

(נעהמט אַ תהלים׳ל און זאָגט.)

מזמור לדוד, דאָס געזאַנג צו דוד׳ן, בברחו מפני אבשלום בנו, ד׳ מה רבו צרי, גאָט ווי זענען מיינע צרות גרויס, העלף מיר אין דער נויט (מען הערט קלינגען) דבורה, וואָס קלינגט מען אַזוי, איז עפּעס היינט אַ חנא?... דבורה׳לע, דאָס הערץ שרעקט מיך זעהר, דבורה׳לע, מיין הערץ זאָגט מיר, אַז דאָס קלינגט מען צו... פינסטער און ביטער איז מיר (אויפטריט אברהם, וויינט) וואָס איז, אברהם, וואָס וויינסט דו.

## אברהם.

אוי, בעל-הבית׳טע (וויינט).

## אסתר.

אברהם, זאָג, רעד, דערצעהל, וואָס וויינסט דו?

### אברהם.

איך בין געווען ביים פריץ, זי איז דאָ און באלד וועט זי אַ דורך פאָהרען אין אַ קארעטע מיט איהר געליבטען, עפענטליך אין מיטען דער גאס.

### אסתר.

מענשען, איך האַלט עס נישט אויס! (פאַלט אין אָהנמאַכט)

### אברהם.

בעל־הבית׳טע!..

### אסתר.

לאָזט מיך מענשען, איך וועל געהן זאָגען דעם מאַן דעם, טאַטען... יצחק, יצחק, אונזער קינד געהט זיך שמד׳ען, יודען בני רחמנים בעט גאָט לאָז ער מיר צוריק געבען מיין קינד, אַ עהרליכע יודישע טאָכטער. ניין איך וועל עס נישט שווייגען איך וויל עס נישט דערלעבען (אָב, אויפמריט יצחק).

### יצחק.

וועה איז מיר וואו איז מיין קינד (פאַלט אין אָהנמאַכט).

### דבורה.

געוואַלד יודען, דער מחותן חלש׳ט (מען הערט פאָהרען אקארעטע, און אַ מינוט אַרום לויפען אריין יודען׳ מען ברענגט אריין אסתר פערוואונדעט).

### אברהם.

געוואַלד, מען האָט איבער געפאָהרען די בעל הבית׳טע!

### יצחק.

געוואַלד, ראַטעוועט מיר מיין פרוי!

### אלע.

וועה, דער הרג׳עט, געוואַלד!

### משה.

ווי אַזוי איז דאָס געשעהן?

### אברהם.

ווי מיר זיינען פון דאַנען אַרויס איז העגעלע פונקט דורך געפאָהרען; ווי די בעל הבית׳טע האָט נאָר דערזעהען האָט זי אָן געהויבען צו שרייען וויינען, מיין קינד, מיין קינד! גיט מיר צוריק מיין העגעלע, און דער וואָגען האָט זיך נישט געוואָלט אָבשטעלען און איז ווייטער געפאָהרען האָט זי זיך אַוואָרף געטוהן אונטער די פערד און איז דער הרג׳ט געוואָרען...

(אויפמריט ברייגע).

ברײנע.

מענדעלע איז דאָ!

דבורה.

װעה, מיר מענשען! איך בעט אײַך, זאָגט איהם נישט װאָס זײַן מאַמען האָט געטראָפֿען, ער װעט עס נישט אױסהאַלטען! זאָגט איהם: זי איז קראַנק, זי שלאָפֿט! (אױפּטריט מענדעלע).

מענדעלע.

אָה! טאַטעניו, װאָס הערט מען? האָט איהר זי געזעהען? איז זי דאָ דאָ? פֿאָטער דו װײנסט, דו ציטערסט, זאָג מיר װאָס איז עפּעס געשעהען??!

יצחק.

מענדעלע, דו האָסט נישט מעהר װי מיך, און איך האָב נישט מעהר װי דיך (װײנט).

מענדעלע.

אָה, די מאַמעניו װעט מיר שױן אַלעס דערצעהלען! װאו איז די מאַמעניו! (דיכט) װאָס איז דאָס? װאָס שװײַגט איהר, װאָס זענט איהר אַזױ טרױריג, אום גאָטעס װילען, מענשען, װאָס איז פֿאָרגעפֿאַלען?! װעה, װאָס שטעהט איהר עפּעס אַלע דאָרט?

דבורה.

געה נישט צו, מענדעלע, די מאַמע איז געפֿעהרליך קראַנק! געה נישט צו!

מענדעלע.

קראַנק! דײַן טאָן, דײַן טרױעריג פּנים, דײַן ציטערען... זי איז מעהר װי... מאַמעניו... װעה מיר, טױדט מײַן מאַמעניו! װיפֿיעל מיה און טרעהרען האָט מיר געקאָסט ביז איך האָב אַ אורלױב בעקומען אַהער צו פֿאָהרען און אַצונד, אַז איך בין שױן דאָ טרעף איך מײַן מאַמעניו טױדט (װײנט).

דאקטאר.

יונגערמאַן, שטערען זי ניכט, מעגליך זי איז נאָך צו רעטען..

מענדעלע.

זאָגט מיר, ערצעהלט מיר, װער איז דער מלאך המות פֿון דעם קרבן?

משה.

װאָס פֿרעגסט דו װער, איהר אײגען קינד, דײַן שװעסטער הענעלע!

מענדעלע.

װער?!

## משה.

די זעלבע פערד אויף וועלכע זי איז זיך געפאהרען שמד'ן, די זעלבע פערד האבען זי איבער געפאהרען און צו טרעטען.

## מענדעלע.

אזוי?.. יעצט מוז איך פארט (וויל געהען).

## דבורה.

וואס ווילסטו טהון? מענשען, לאזט איהם ניט, ער וויל בעגעהן א מארד.

## מענדעלע.

יא א מארד, ביידע וויל איך מיט מיין מאגנעט די ברוסט דורך בויערען.

## משה.

ביזט פון זינען, אראב מענדעלע, א מארד ווילסטו בעגעהן, ווילסט אונגליקליך מאכען די גאנצע שטאדט און א אונגליק ברענגען אויף דעם פאלק ישראל? ווילסטו אפשר אז יודיש בלוט זאל פארגאסען ווערען אין די גאסען? ניין! דו דארפסט עס נישט טהון.

## אלע.

ניין, ניין, טהו עס נישט!

## מענדעלע.

שווייגט בעסער, איהר דערשראקענע צדיקים, וואס איהר זענט, איהר האט מורא עס זאל נישט פערגאסען ווערען קיין יודיש בליט, נו וואס פאר איין בלוט פליסט יעצט פון מיין ערמארדעטער מוטער נישט קיין יודיש בלוט? איהר אלע גאטס פארכטיגע מענשען זאגט מיר איך זאל נישט געהן, בלייבען זאל איך ... בלייבען זאל איך דאמאלס, ווען מען פיהרט מיין שוועסטער צו דער שמד?! בלייבען זאל איך דא דאמאלט ווען מען רייסט ארויס א בת־יחידה פון איהרע אלטע עלטערען?! בלייבען זאל איך דא דאמאלס, ווען מיין מוטערס בלוט פליסט אין די גאסען ווי וואסער? ניין! נישט בלייבען, אלע זאלט איהר מיט מיר מיטגעהן צו נעהמען נקמה פאר מיין מוטערס בלוט, פאר מיין מוטערס עהרע, פאר מיין מוטערס לעבען, פאר מיין פאטערס גערויבטע עלטער, פאר מיין שוועסטערס יודישע אמונה, אלע זאלט איהר מיט מיר מיטלויפען, דאן בלייבט איהר עהרליכע יודען מיט יודישע הערצער אונד מענשען מיט מענשען־געפיהלע.

## משה.

דו מעגסט שרייען און ליארמען און איך זאג אייך אז נישט. נאר

דו, דו וועסט אַרויס רופען אַ געשלעג, דען דער שונא ישראל קוקט־ אַרויס נאָר אויף דער מינדעסטער זאַך. אמת עס איז זעהר א ביטערער אונגליק, מן הסתם איז דאָס דער רצון פון השי"ת און עס איז גם זה לטובה...

## מענדעלע.

אָה! דער רצון פון השי"ת איז גם זה לטובה! דאָס איז דאָס וואַהרע־ אונגליק פון דעם אָרימען פערהאַסטען יודען, מען שפּאָטעט פון איהך, מען אונטערדריקט איהך, מען רויבט ביי איהך אַוועק דאָס בעסטע וואָס איהר פערמאָגט, מען שענדעט אייערע פרויען און קינדער, מען רויבט אונז־ אויפהערליך אין יעדען לאַנד וואו איהר זענט! די ערד רויעט מיט אונזער בלוט און איהר פערדעקט אייערע וואונדען! עס איז דער רצון פון השי"ת און גם זה לטובה, נע ונד פון איין לאַנד צום אַנדערען.. אָהן איין לאַנד און אָהן אַ שטיקעל ברויט און דאָס איז דער רצון פון השי"ת?! און דאָס פערלאַנגט איהר יעצט אויך פון מיר!? נו גוט איך בין צופרידען נאָר בעט אַלע צו גאָט צו דעם אל רחום וחנון, לאָז ער מיר צוריק שענקען מיין מאַמען! (אַלע וויינען) איהר וויינט אַלע! יאָ איך ווייס איהר זענט אויך קינדער, איהר זענט אויך טאַטעס, איהר האָט אויך מאַמעס, אונד זאָגאַר שטיינער קענען יעצט מיט מיר מיטוויינען אָבער ניין, נישט וויינען דאַרף מען אין איין אומגליק, מוטה, ענערגיע, ענטשלאָסענהייט, (ווילד) חאַ חאַ חאַ ענטלויפט יעצט פאַר דעם געדרייצטען לייב היט אייך פאַר דער שרעק־ ליכער חיה, פערשטעקט אייך אין אַלע ווינקלען פאַר דעם ווילדען טיגער; עפענט אַלע טויערען, דעקאָרירט יעדעס אָרט מיט בלומען, צינדט אָן איין פייער, איין רויט בלוטיגעס פייער זאָלען אַלע שפּילען, אינסטרומענטע קראַכען לאָזען הערען לוסטיגע טענער, זאָלען אַלע הערצער זיין פרעהליך, ברייט אייך פאַר צו בעגריסען מיט אַ באַל און געזאַנג, דער זוהן פליהט־ ברענגען דעם פאָטער זיינע טאָכטער, דער מוטער איהרע מערדערין, דעם ברודער זיין בכבוד שוועסטערי. (וויל אָב).

## דבורה.

מענדעלע! מענדעלע דיין מאַמע לעבט!

## מענדעלע.

(לויפט צו) מאַמעניו, דו לעבסט? מאַמעניו?! (וויינט).

(פאָרהאַנג פאַלט).

# דריטער אַקט.

(אברהם. ברײַנע, טעראַסאַ, גאָרטען, דערבײַ אַ שטוב).

## ב ר ײ נ ע.

האָט איהר געהערט אַ מעשה?.. אין קראָקױ אױפ'ן קוזמאַרק װאָלט זיך איך אזױ װאָס געטראָפען, אברהם פאָלג מיך און געה אַהײם די בעל־הבית'טע איז נעבעך קראַנק. דער בעל־הבית איז נאָכגעפאָהרען מענדעלען, געה אַברהם געה אַהײם.

## א ב ר ה ם.

אָבער דער בעל־הבית איז דאָך אַהער געלאָפען זעהן װאָס מיט מענדעלען איז געשעהן! אױ, אַ שײנעם תכלית האָט זי פון זײ געמאַכט! אױ, מײדלעך, מײדלעך נישט אומזיסט טראָגען מיר הױזען און איהר קלײדלעך.

## ב ר ײ נ ע.

הערסטו, קױם אַמאָל, דו זאָגסט נאָך מײנע װערטער. מײדלעך, די גוטע יאָהרען זאָל איך האָבען װאָס אַזאַ יונגע אלמנה איז חשוב'ער פאַר אַ בחור װי הײנטיגע מידען! לאָמיר נאָר אַ קוק געבען אין פאַלאַטץ אַרײַן אפשר װעל איך דערזעהען הענעלען... אױ זעה נאָר אַברהם, װיפיעל מײדליך עם טאַנצען מיט בחורים און אײנע איז נישט צװישען זײ אַרעכטע.

## א ב ר ה ם.

װעה איז מיר, יודענע, װאָס טוט איהר, געהט אַװעק פון דעם פענסטער מען װעט אײַך חאַפען װעט מען אײַך דערהרג'ענען.

## ב ר ײ נ ע.

אַברהם, הױבט מיך אונטער.

## א ב ר ה ם.

קראָקעװער אַלמנה, הײבט אײַך אַלײן, איך האָב מורא מען װעט אײַך דאָ דערהרג'ענען.

## ב ר ײ נ ע.

װעמען דערהרגענען, מיך? בריינע די רײַטערקע איז געװען אױפ'ן קוזמאַרק און האָט נישט מורא געהאַט פאַר אַרײַנחאַפען פעטש (קוקט) אַברהם, שאַ איך זעה עפּיס די בחורים קיצלען זיך מיט די בתולות!

## א ב ר ה ם.

יודענע, געהט אַװעק װאָרום איך װער פערציטערט.

## בריינע.

וואָס האָסטו מוֹרא? זאָג מיר נאָר אַברהם, וואָס איז דאָס, וואָס מען זעהט נישט דאָרט די משומרת? אַברהם, איך האָב דיך צו פֿרעגען איין זעהר נייטיגע זאַך, ווען וועלען מיר חתונה האָבען?

## אברהם.

מזל־טוֹב דיר אַברהם, דו האַלסט שוֹין ביי דער חתונה.

## בריינע.

אַברהם, דו וועסט זעהען, נאָך דער חתונה וועל איך דיך אָבריהען און אָבקאָכען!

## אברהם.

קוזמאַרקער אַלמנה! קאָלט אייך אַליין!

## בריינע.

גוטער אברהם, טהו מיר אַ טוֹבה און האָב מיט מיר חתונה, איך בעט דיך.

## אברהם.

נישט מעהר נאָר אַ קליינע טובה, אפשר וואָלסט דו דיר געקענט ביי עמיצען אַנדערען אויסבאָרגען די טובה.

## בריינע.

אַלעבען זאָל אויף דיר קומען פֿאַר דעם וואָרט! אברהם, אַצונד זעה איך, אַז מיר וועלען באַלדביידע חתונה האָבען.

## אברהם.

איך האַלט עס נישט אויס! אוי ווייבער, ווייבער! וואָס זאָל מען מיט אייך טהון, קענט איהר נישט אויספֿיהרען ביים מאַן עפּעס ווייגט איהר, פּועל'ט איהר נישט מיט דעם וויינען קיצעלט איהר, איהר זענט אפילו נישט קיין מיאוסע יודענע אַז איהר הויבט אָבער אָהן צו פֿער־דרעהען אַ קאָפּף מיט געהערט אַ מעשה, מיט געזעהען אַ מעשה, מיט קראָקוי, מיט אייער קוזמאַרק, אָבער אין דער אמת זענט איהר אַ יודענע...

## בריינע.

ביזט דו...

## אברהם.

ביזט דו אַ יודענע זאָל איך האָבען אַזאַ מזל, נאָר איין זאַך וועל איך דיך בעטען אַז וואָס פֿאַר איין עגמת נפש עס וועט אויף אונז קומען, אָבער דאָס רעדעלע זאָלסט דו נישט איבער בייטען, זעהסט דו הענעלע, איך גיב פֿאַר איהר סוף נישט איין גראָשען, זי וועט נאָך האָבען

אַשוואַרצען סוֹף, אַז יעדער וועט זיך פון איהר אָב נעהמען מוסר, אַז דאָס רעדעלע טאָהר מען נישט איבער בײַטען (דועט, אויפטריט טאַמאַס, העגעלע).

## טאמאס.

אוי, ליבע האנושאַ! ענדליך איז הײַנט דער טאָג וואָס עס מאַכט דיך פאַר אײַנגלויבענס געגאָסען און עס בינדעט דיך צו מיר פיר אימער.

## הענעלע.

אוי, טאָמאס! דאָס אַלעס מאַכט מיך זאָ צו ציטערען אַז עס געהט מיר אַזש איבער אַ שוידער איבער מײַן קערפער. טאָמאַס, דאָס הערץ שרעקט מיך אַזוי, דאָך דער געדאַנק, דאָס דו ליבער טאָמאַס וועסט מײַנער בלײַבען, דער געדאַנק מאַכט מיך אין אַלעס פערגעסען.

## טאמאס.

קום מײַנע טײַערע, אַלעס איז פאָרבערײַטעט אַלע געסט וואַרטען! קאָמע. (אויפטריט דאַמע).

## דאמע.

מײַנע ליעבע פרײַנדין, די געסטע ערוואַרטען דיך אין זאַל. העדר מילקאָווסקי, דער סעקרעטער גראַבאָווסקי איז געקומען.

## טאמאס.

שעהן מײַנע טײַערע, געה מיט פרײלײן באַסינסקי צו די געסטע און איך געה עמפפאַנגען דעם סעקרעטער גראַבאָווסקי (אָב. זײַ לאָזען זיך געהן. מענדעלע זינגט מעלאָדראַמע).

## הענעלע.

אַך, דיזער אָרמער בעטלער... איהר אַלטער מאַן, נעהמען זי דאָס (גיט געלד) אײַער ליעד אַלטער האָט מיך גערירהט.

## מענדעלע.

עס איז טרויריג און איך וואַהר פרײַליין.

## הענעלע.

וואַהר?

## מענדעלע.

און דאָס געשיהט נאָר דורך אונדאַנקבאַרע פערדאָרבענע קינדער.

## הענעלע.

מײַן גאָט! וואָרום זײַט איהר זאָ אויפגערעגט אַלטער.

## מענדעלע.

גאָר נישט, איך האָב אײַך נאָר עפּעס געוואָלט זאָגען.

## הענעלע.

מיר זאָגען? וואָס איז איך ליעבער אַלטער וואָס ציטערט איהר אַזוי

(מענדעלע ווינקט, זי שיקט דאַמען ווען).

## מענדעלע.

איך וויל אייך זאָגען (נעמט די האַנט) קומט מיט מיר!

## הענעלע.

ווער זייט איהר? לאָזט אָב מיין האַנד.

## מענדעלע.

ווער איך בין?.. (רעמאַסקירט).

## הענעלע.

מענדעלע! ווען איז מיר מען וועט דיך דאָ ערקענען.

## מענדעלע.

האָבען זי מיר דאָך ערקענט! נו פריילין, אָדער בעסער געזאָגט, מאַדאַם מילקאָווסקי פאַר וואָס אַזוי בעטריבט, אזוי ניעדער געשלאָגען?.. די אויגען בין צו דער ערד אַראָב געלאָזט? אצונד קענט איהר דאָך דעם קאָפּף אין דער הויך האַלטען דען איהר געהערט דאָך נישט מעהר צו דעם שמוציגען פערהאַסטען יודען־געזינדעל, יעצט זענט איהר דאָך איינע האָהע אריסטאָקראַטישע דאַמע?!

## הענגעלע.

מענדעלע, דו ביזט אויף גערעגט, לאָז דיך וואָרענען, דו ווייסט נישט אין וואָס פאַר אַ געפעהרליך אָרט דו געפינסט דיך יעצט, טאַטאַס איז יעצט אין פּאַלאַסט, ווען איהר ווערט אייך ביידע צוזאַמענטרעפען מענדעלע, איז אין געפאַהר דיין לעבען.

## מענדעלע.

האַ חאַ! מיין לעבען אין געפאַהר! מיינע קרעפטען זענען הינרייכענד גענוג מיר צו פערטיידיגען. שנעל אהיים, אַהיים צו דיין אַלטען מאַטען, אַז דו ווילסט נישט איך זאָל איופרודערען די גאַנצע שטאָדט.

## הענעלע.

אונמעגליך,

## מענדעלע.

אונמעגליך! אָה פערדאַמטע בעסטיע, מערדערין קען דער טוידט פון דיין אַלטער מוטער דיך דעם פאָטער נישט צוריק געבען!...

## הענעלע.

דער טוידט פֿון מײַן מוטער ? ! וועה מיר, מענדעלע, איך בעשווער דיך, זאָג, איז אונזער מוטער טוידט ?

## מענדעלע.

צו דײַן מוטער לעבט צו נײַן, דער פֿאָטער זאָל דיך צוריק האָבען.

## הענעלע.

אונמעגליך! דען צו ווײַט בין איך געגאַנגען איך זאָל מיך וועלען צוריק קעהרען; צופֿיעל בלוט און טרעהרען האָט מיר דיעזער ענטשלוס געקאָסט אום יעצט אַלעס גלײַכגילטיג פֿאָראיבערגעהן צו לאַסען. פֿרײַ וויל איך לעבען, פֿרײַ ווי יעדער רעכט־דענקענדער מענש. אָה מענדעלע, איך ווייס דו קענסט מיך פֿערשטעהן בעסער פֿון מײַנע פֿאַנאַטישע עלטערען און ווי אַלע אַנדערע! חאַ חאַ חאַ! זלמן פעסעלעס זינדעלע האָבען מיר מײַנע עלטערען אויסגעקליבען פֿאַר אַ חתן! אַ גליקליך לעבען וואָלט איך עס געקענט האָבען, אַ שיינע צוקונפֿט. די מאַמע נאַטירליך האָט דאָס נישט פֿערשטאַנען זיי קענען דאָס ניט פֿערשטעהן! און איך האָב דאַבײַ געשפּאַסט און געלאַכט! ווירקליך, מאַמעניו, פֿלעג איך מיך צו פֿרייען איין זייער גוטער שידוך, אָבער דאָ אין הערצען וואַהר עס לעהר, טריעב און מײַן פֿערוואונדעטעס הערץ איז געוואָרען פֿול מיט זעהנזוכט נאָך פֿרײַהייטען! טאָג און נאַכט האָב איך מיך אַרום־געטריבען אין וועלדער און אין פֿעלדער, מיר פֿון דעם יאָך פֿון פֿאַנאַטיזמוס פֿון דעם שוואַרצען אַבער־גלויבונג צו בעפֿרײַען! ... מענדעלע, וואָס טויג דעם פֿייגעלע דאָס גאָלדענע שטײַגעלע ווען קיין פֿונק פֿון האָפֿנונג, קיין שטראַהל פֿון ליכט און פֿרײַהייט איז נישטאָ! מענדעלע, אַלעס האָט איין ענדע, געפֿאַסט אונד ענטשלאָסען, אונד יעצט וויל איך פֿרײַ זײַן פֿון די שווערע קעטען, פֿרײַ ווי יעדער רעכט־דענקענדער מענש, פֿרײַ נאָך דעם געזעץ דער נאַטור, אונד בײַ דער נאַטור איז נישטאָ קיין נאַציאָן, די נאַטור מאַכט קיין אונטערשיד צווישען מענש אונד מענש, קריסט אונד יוד!

## מענדעלע.

אָה, דו ווילדעס טהיר! דו גלויבסט אין דער נאַטור! נו, הייסט דען די נאַטור אַ קינד איהרע מוטער צו ערמאָרדען, פּונקט ווי דו האָסט געטהון, גענוג! שנעל צו דײַן פֿאָטער! דאָרט וואַרט דײַן אָפּפֿער, דײַנע מוטער וועלכע דו האָסט ערמאָרדעט, — האַ, דו שטעהסט קאַלט, גלײַכגילטיג, וואָס קימערט דיך דײַנע מוטער, דײַן פֿאָטער? יאָמער, בעט, שרײַ, וויין, דײַן מוטער איזט טוידט! רײַס קריעה! דו האָסט דײַן מוטער ערמאָרדערט, דו ביזט איהרע מערדערין — ניין, ניין, הענעלע שוועסטערל איך קען דיר גאָר נישט טהון, איך ווייס, עס איז נישט דײַן שולד,

ער וואַר עס דיין פּערפּיהרער, וועלכער האָט זיך אין דיין הערץ אַריינגע־
גנב'עט אונד דיך צום שרעקליכען שריט בעוואָגען, ער וואַר עס, וועלכער
האָט שאַנדע אונד שפּאָט אויף אונזער פאַמיליע געבראַכט אונד, ביי גאָט,
ער זאָל מיר מיט זיין לעבען בעצאָהלען (וויל געהן),

## הענעלע.

וועה מיר מענדעלע, ענטפּלי, ער קאָמט!

## מענדעלע.

ער קאָמט!– גראַדע צור ריכטיגער צייט, איך פיהל מיין בלוט גע־
וואַלדיג אין מיינע אָדערען פליעסען, יעצט נאַר וועל איך אימשטאַנדע
זיין, זיין הינטישע ברוסט דורך צו בויערען.

## הענעלע.

מענדעלע, ער קומט! ענטפליה! איך וועל זוכען מיך ביי איהם
צובעפרייען, נו געה!

## מענדעלע.

וועסטו אָבער האַלטען דיין וואָרט?

## הענעלע.

יאָ, אין אַ האַלבע שעה בין איך ביי דיר, נאַר יעצט געה!

## מענדעלע.

שווער מיר, זאָג מיר נאָך יעדעס וואָרט: „איך שווער ביים
אַלמעכטיגען גאָט וואָס ער לעבט אין הימעל, ביי דעם גאָט וואָס איך
האָב אַזוי פיעל מחלל־השם געוועזען, ביי דעם גאָט, וואָס זיין חתימה איז
אל קנא ונוקם, אַז איך קום ביז אין אַ האַלבע שעה צוריק צו מיין ברודער
און צו מיין אַלטען פאָטער אונד קראַנקער מוטער.

## הענעלע.

וואָס, מיינע מוטער לעבט?

## מענדעלע.

וועה דיר וועז דו וועסט דיין וואָרט ברעכען, וועז דו וועסט דיין שבועה
נישט נאָכקאָמען, מיט דעם דאָלך וועל איך דיין ברוסט דורכ־עבערען, און מיט
דיין שמוציגען בלוט וועל איך די שטיינער פון די גאַסען רויט שוועכקען, דאָס
שווער איך דיר ביי דעם גאָט פון אונזערע אבות אברהם, יצחק, און יעקב,
ביי דעם גאָט וואָס זיין צווייטער אונטערשריפט איז אל רחום וחנון (אָב).

## הענעלע.

אַך מיין הערץ! (פאַלט. אויפטריט טאָמאַס, גראַף).

## טאמאס.

חאַ חאַ חאַ, דאָס איזט עס עבין פֿריינד, מען מוז דעם יודען איינמאָל איינע גוטע לעהרע צייגען (ערבליקט הענעלען) מיין גאָט ביזטו ניכט אין זאַלע צווישען די געסטע? וואָס איז געשעהען, וואַרום ווייִנסטו?

## הענעלע.

איך האָב היר איינען אַלטען בעטלער געזעהן מיט וועלכען איך האָבע מיינע יאָהרען פֿערבראַכט אַלס קינד, אונד ער האָט געוויינט זאָ האָב איך מיט איהם מיטגעוויינט.

## טאמאס.

פֿריינד גראַבאָווסקי בעגלייטע, מיינע האַנושאַ דאָרט אין זאַל צו די געסטע אונד איך בין נייגעריג דעם בעטלער צו זעהען (יצחק קומט)·

## הענעלע.

וועה מיר, מיין פֿאָטער!

## יצחק.

הענעלע!

## טאמאס.

פֿריינד גראַבאָווסקי, ברינגט זי דאָרט הין צו מיינע שוועסטער.

## יצחק.

הענעלע, קינד מיינס, וואָהין געהסטו? וואָס ווילסטו טוהן? הענעלע קום צו דיין טאַטען, זעה ווי מיינע טרעהרען גיסען זיך ווי וואסער פֿון מיינע קראַנקע אויגען.

## הענעלע.

וועה מיר, פֿאָטער! (אַב).

## יצחק.

הענעלע, וועה מיר מיין הענעלע! (פֿאַלט)·

## טאמאס.

נו, מיין שוויגער פֿאַפֿאַ, ווי געפֿעלט איך דאָס? יעצט ווערסטו מיך נישט מעהר שימפּפֿען און בעליידיגען זאָגאַר ווען איך זאָל דיינע טאָכטער טויזענד מאָל קושען, אַך ווי זיעס איז די ראַכע! אָה דו, יוד, עס טהוט וועה ווען דאָס הערץ בריכט, קענסטו דיך דערמאָנען די' אַלע שימפֿ= ווערטער, די בעליידיגונג וועלכע דו האָסט מיך אין געגענוואָרט מיינער פֿריינדע געמאַכט. ווי איין הונד האָסטו מיך פֿון דיין הויז פֿערטריבען וואָרים, וויל איך האָב מיר ערלויבט דיינע טאָכטער צו קושען, נו האָב איך מיינע ראַכע אויסגעאיבט, דיינע טאָכטער איז יעצט ביי מיר, נאַטירליך זי גלויבט אַז איך בין אין איהר שטערבליך פֿערליבט, אָבער איך ווערדע

זיִ נאָך איַינע קורצע צייַט צום שפּיִעלצייַג האַלטען דאַן יאַגע איִך זיִ היִנ=
אויס צום טייַפּיִעל! חאַ, חאַ, האַ, אָה יוד! (אַב).

## יצחק.

מערדער! גיִב מיִר צוריִק מייַן קיִנד! (וויינט).

(אויפטריט, אברהם, ברײַנע, דבורה)

## אברהם.

וועה מיִר, בעל הבית!

## יצחק.

מענשען, האָט רחמנות! מען שמד'ט מיִר מייַן קיִנד וואַלט אויף מייַן
מענדעלע (אויפטריט מענדעלע).

## מענדעלע.

(היִנטער די קוליִסען) פּאַטער!

## יצחק.

מייַן קיִנד! רעטע מיִר הענעלען!

## מענדעלע.

אָה, דיִ הערצלאָזע האָט איִהר וואָרט ניִט געהאַלטען, יאַ אַטווירטע
וועל איִך זיִ פוּן דאָרט אַרויס ברענגען! (לויפט, טאָמאַס איִהם אַנטקעגען שלאָגט
איִהם, וואַרפט איִהם פוּן די טרעפּ).

## טאמאס.

(שרייט) היִלפע! היִלפע! (אַלע אַרויס).

## הענעלע.

(לויפט) וועה מיִר מייַן פאָטער אונד ברודער!

## מענדעלע.

(האַפּט הענעלע) פּאָטער אָט האָסטו דייַן קיִנד (שטורם).

(פּאָרהאַנג).

---

# פיערטער אַקט.

(יצחק, אברהם, אסתר, בייַ אַ גאָרטען שטיִבעל).

## אברהם.

בעל הביִת'טע, פאָלגט מיִך און קעהרט אייַך אום אַהיים, איִהר זענט
נאָך אַזוי שוואַך און דער צו איִז נאָך דאָס וועטער אַזוי שלעכט.

## אסתר.

וואָס רעֶדסטו אברהם, איך וועל יום כפור ניט געהן צו כל נדרי? קומט, קומט.

## אברהם.

איך מיין פּאַר די עבירות וואָס זי בעגעהט געגען אייך, וואָלט זי בעדאַרפט צו אייך צו געהן צו כל נדרי און בעטען סלח לנו.

## יצחק.

זטאנו, צורינו, סלח לנו יוצרנו.

## אברהם.

אָט אַזוי זיצט ער טאָג און נאַכט פערטראַכט און קוים דערמאָנט מען איהם איהר נאָמען העֶנעלע, ווערט ער אויפגערעגט און שרייט אַז העֶנעלע איז געשטאָרבען, אַשיינעם תכלית... העֶנעלע געשמדט, די אַלטע אַקריפּעל, דער אַלטער האַלב משוגע, מעֶנדעלע אין קרימענאַל, ר׳ משה דער מחתן האָט אָבגעשיקט די תנאים, אוי, שען דערלעבט.

## אסתר.

יאָ, שען דערלעבט, פאַראַיאָהרען יום כפור האָבען מיר זיך דאַרויף ניט גערעכט. אוי העֶנעלע!

## יצחק.

דער מאָנט מיר ניט איהר נאָמען. זי איז טוידט, געשטאָרבען, מיר האָבען נאָר איין קינד, און דאָס איז מיין מעֶנדעלע, קום אסתר לאָה, עס ווערט שפּעט לאָמיר געהן אין שוהל אַריין.

## אסתר.

עס פאַרחמאַרעט זיך אַזוי שטאַרק, דאָס וועטער איז אַזוי טריבּ עס וועט באַלד געהן אַגוס רעגען, געה געטרייער אברהם צוריק אין הויז פאַרמאַך די טהיר און לאָדען, און וועסט נאָך קומען אין שוהל אַריין (אסתר, יצחק אב).

## אברהם.

אָט אַזוי ווערט ער אויפגערעגט אַז מען דערמאָהנט איהם איהר נאָמען נו לאָמיר געהן. (אויפטריט ברײנע).

## ברײנע.

ווער איז דאָס? אַברהם׳עניו! אַלעבען זאָל אויף דיר קומען (רייסט זיך אויף איהם).

## אברהם.

נו, וואָס זשע רייסט איהר אייך אויף מיר?

## בריינע.

וואָס הייסט? איך בין ווייניג אַ גוט לעבען.

## אברהם.

יאָ, זאָגט נאָר וואָס טוהט איהר צו כל נדרי, ווי קומט איהר פּלוציִם קיין סלוצק אין אַזאַ צייט.

## ב׳ריינע.

וואָס זשע? עס פרעהט דיך גאָר נישט, אברהם׳עניו וואָס דו זעהסט מיך דיין איינציג לעבען.

## אברהם.

צו עס פרייט מיך? אַקלייניגקייט ווען קען איך דען דיר מעהר בעדאַרפען ווי היינט אום ערב יום כפור צו כפרות? זה חליפתי, זה כפרתי.

## בריינע.

נו מאַך דיר ניט נאַריש, האָסטו געהערט אַ מעשה איך בין נישט אַליין דער בעל הבית ר׳ משה מיט דבורה׳לען זענען אויך דאָ זיי זענען צו= געפאָהרען צו דער קרעטשמע מיר וואָלטען דאָ געוועזן נאָך פריהער ווען ניט דאָס שלעכט וועטער, דו הערסט אַ מעשה ר׳ משה איז געקומען איבער בעטען דעם מחותן עס זאָל ווערען צוריק אַ שידוך מיט מענדעלע ווייל די דאָקטוירים האָבען בעהויפּטעט אַז נישט וועט דבורה׳לע געהן פון דער וועלט זי האָט שטערבליך געבענקט. נו וואָס זאָגסטו צו אַזאַ מעשה?

## אברהם.

מוז מען דאָך האָבען אַ חתן, וואו האָסטו מענדעלען?

## בריינע.

אַ וועהטאָג איז מיר, מענדעלע איז געשטאָרבען?... אַזאַ בחור, אַזאַ גליק, געה דו האָסט מיר פערדרעהט מיין קאָפּ, מענדעלע איז דאָך אויך דאָ מיט אונז, ר׳ משה האָט דאָך איהם בעפרייט עס האָט איהם געקאָסט אַ מחנה מיט געלד און פון דער משומדת׳טע די מעשה?...

## אברהם.

לאָז זי איהר מעשה אַנידער לייגען.

## בריינע.

זי האָט זי שוין אַנידער געלייגט זי איז אויף סיפקע צרות דער שייגעץ האָט זי אַרויסגעוואָרפען, זי שטאַרבט פאַר הונגער אָבגעריסען און אָבגעשליסען.

## אברהם.

ווי אַ משומדת פּאַסט.

## ברײנע.

אָבער ער אַלײן איז אױך אױף צרות, עס האָט זיך איהם פערגלוסט אין דער קײזערליכער קאַסע צו מאַכען אַ חאַפּ און עס ערוואַרטעט איהם שײנע עטליכע יאָהר קרימענאַל, נאָר ער איז אַנטלאָפען.

## אברהם.

אָה גאָטעניו! איך קען דיך נישט פֿאַרשטעהן, אײן מאָל ביסטו אַזוי גום ווי אַ גוטער גאָט, און אײנמאָל אַרבײטסט דו אָן אַ שטיקעל מעשה.

## ברײנע.

וואָס זאָגסטו צו אַזאַ מעשה?

## אברהם.

לאָז מיך לױפען זעהן מײן מענדעלע.

## ברײנע.

רעכט, וואָס הערט מען מכח אונז בײדע.

## אברהם.

שױן ווידער אײן אָנטשעפּעניס.

## ברײנע.

האָסט דאָך געזאָגט אַז דו האָסט מיך ליעב.

## אברהם.

נו ליעב, ליעב, צו פֿרידען?

## ברײנע.

פֿון אַזאַ ליעב האָבען קען מען נישט האָבען קײן בױך ווײטיג.

## אברהם.

נו בעקומט מען קאָפּף ווײטיג, האַרץ ווײטיג, אַ דאַגה ווײטיגען.

## ברײנע.

אָט אַזוי רעד מען צו אײן געליבטע?

## אברהם.

אַז איך קען נישט מאַכען די משוגענע קונצען, נאָר אַז איך ליעב אײך איז בײ מיר קײן ספק, ווײל ווען איהר רײסט אײך צו מיר פֿיהל איך אַז דער גיהנום ברענט אונטער מײנע פֿאָדעשוועס (אומאַרמט איהר).

## ברײנע.

וואָס טוהסט דו אום יום־כפור?

## אברהם.

יום־כפור, צו פסח, אַז מען האָט ליעב דאָס ווייב האָט מען ליעב אפילו אום פורים.

## ברײנע.

וואָס־זשע וועלען מיר ווערען?

## אברהם.

מאַן און ווייב.

## ברײנע.

מאַן און ווייב איז איין לייב (דוּעט מאַן און ווייב. אָב).

(אויפטריט הענעלע אָפגעריסען).

## הענעלע.

ש־ש־שאַ. הערט אויף זינגען... צו רייסט די טענער פון דעם אָרגעל, אָה עס צורייסט מיר מיינע אָדערען, עס צערשמעטערט מיין מוח, שווייגט איהר מאַכט מיר וואהנזיניג! זעהט ווי דער בליטץ בעלייכטעט די גאַנצע געגענד... דער דונער קראַכט דורך די וועלדער, עס גיסט איין רעגען ווי דאָס בלוט פון מיין הערץ, אָה טאַטעניו! אָה מאַמעניו! פערשטויסט מיך נישט פון אייך, מיר איז אַזוי שלעכט, מאַמעניו האָב אויף מיר רחמנות, קיינער וויל אויף מיר קיין רחמנות האָבען, איך האָב שוין צוויי טעג נישט געגעסען, צוויי טעג נישט געטרונקען צוויי טעג קיין שטיקעל ברויט אין מיין מויל נישט געהאַט, מען טרייבט מיר פון יודישע און קריסטליכע הייזער אַלעס פעראַכטעט מיר, אַלעס שפּייט אויף מיר... אָה זיי האָבען רעכט, איך בין אַ משומדת׳טע איך בין אַזוי שוואַך... מענשען, האָט מיטלייד שענקט מיר איין שטיקעל ברויט איין טראָפּפען וואַסער (אויפטריט טראַפּעליק).

## טראַפּעליק.

קטאָ טאַם — ווער איז דאָרט?

## הענעלע.

האָט מיטלייד איין ביסעל וואַסער.

## טראַפּעליק.

וואָס ווילסטו? — וועה איז מיר אין אַזאַ צושטאַנד.

## הענעלע.

אוי, טראַפּעליק! מיין ביטערעס ענדע!

## טראַפּעליק.

דאָס האָב איך פריהער געוואוסט, דאָס וואַר נאָר איינע ראַכע

וואָס ער האָט געוואָלט טהון דײַן טאַטען און דו האָסט ניט פֿערשטאַנען.

## העניעלע.

טראַפּעליק, איך בעט דיך, איך בין הונגעריג גיב מיר אַ שטיקעל ברויט מיט אַ ביס׳ל וואַסער.

## טראַפּעליק.

געה! דו האָסט ניט פֿערדינט דו האָסט דײַן טאַטענס גליק צו גרונדע געריכטעט דו ביסט אַ אויסוואורף דער נאַטור, געה און לאָז דיך אַדונער דערשלאָגען! (אָב, העניעלע פֿאַלט, מענדעלע, דבורה, משה, אברהם, ברײַנע).

## מענדעלע.

קומט, קומט עס איז שוין נישט ווײַט.

## אברהם.

מענדעלע, אָט דאָ וואָהנט אײַן אַלטער קריסט וואָס איך קען איהם לאָמיר דאָ אַרײַן געהן ביז דער רעגען וועט איבער געהן.

## מענדעלע.

ווער ווייסט צו ער וועט ערלויבען.

## אברהם.

איך קען איהם גוט ער וועט ערלויבען... וועה מיר, אַמענש ליגט און קרעכצט.

## מענדעלע.

ווי! גאָט, איז דאָס מעגליך! העניעלע! העניעלע, מײַן שוועסטעריל! אין וואָס פֿאַר אַ צושטאַנד!

## העניעלע.

מענדעלעס שטימע! מענדעלע, איך שטאַרב האָב רחמנות איך וויל דער טאַטע מיט דער מאַמען זאָלען מיר מוחל זײַן (וויינט).

## מענדעלע.

אברהם לויף אין שוהל אַרײַן רוף דעם טאַטען מיט דער מאַמען, מחותן, דבורה׳לע, געהט רופט דעם טאַטען מיט דער מאַמען.

## אברהם.

זיי זענען שוין אין שוהל, און ווער ווייסט צו דער טאַטע וועט וועלען געהן, מען האָט דאָך אײַך געשריבען ווי אַזוי ער איז.

## מענדעלע.

געהט און זאָגט דעם טאַטען ער מוז קומען און אויב ער וועט

נישט קומען באַלד אַהער, ברײַנג איך זי איהם באַלד אין שוהל (אַלע אַב) וועה, וואָס פֿון דיר און פֿון אונז אַלע איז געוואָרען. קום מײַן אָרעם אונגליקליך שוועסטערל צוריק און דײַן אַלטע הײַמאַט (אַב. פֿערוואַנדלונג, גאַס, אברהם, ברײַנע).

## אברהם.

ברײַנדעל איך בעט דיך נעהם צונויף אַלעס וואָס דו האָסט און לאָמיר לויפֿען שפּאַנען און שפּרינגען, אַקלײַניגקײַט וואָס דאָ וועט זיך טוהן אַז צײַט יום כפּור, יום כפּורט זיך האָט זיך אַזאַ יום כפּור נישט אויסגעיוםכפּורט ווי הײַנט וועט זײַן בײַ אונז.

## ברײנע.

צום שלימזל דאַרף הײַנט פּונקט אויספֿאַלען צו כל נדרי, עס האָט ניט געקענט זײַן פּורים.

## אברהם.

וואָס וואָלסטו געוועזען געהאַט פֿון פּורים?

## ברײנע.

אַ קלײַניגקײַט ערשטענס וואָלסטו געוועזען געזאָגט אַז מיר וועלען האָבען אַ פּורים אַז זײַט פּורים פּורימט זיך האָט זיך נישט אויסגעפּורימט אַזאַ פּורים. און עס וואָלט טאַקע געוועזען שישו ושמחה! מענדעלע מיט דבורה׳לען איין פּאָר צו דער חופּה, הענעלע צוריק אײן יודיש קינד און טאַקע זאָג נאָר מיר בײדע וואָלטען מאָרגען געשפּאַנט צו דער חופּה ווי די פֿירסטען ווי די גראַפֿען, אַך בײַ אונז אויפ׳ן קוזמאַרק...

## אברהם.

לאָז מיך שוין אָב מיט דײַן קוזמאַרק, און וואָס איז. אַז מיר וועלען חתונה האָבען מוצאי יום כפּור וועל איך טאַקע אויפֿען פֿולען יאָהר האָבען אַ מוצה מיט האָניג.

## ברײנע.

עה, יום כפּור איז מען מיעד, יעדער איז צובראָכען אַגאַנצען טאָג אין שול, אָבער אַום שושן פּורים איז אַפֿאַרגניגען חתונה צו האָבען.

## אברהם.

ברײַנדעל איך בעט דיך האַלט מיך נישט אויף לאָז מיך שנעל געהן, עס ווערט שפּעט איך קען נאָך אָנקומען נאָך די יעלות.

## ברײנע.

וואָס בענגסטו אַזוי נאָך די יעלות, אַז מיר וועלען מיט גאָטעס היליף חתונה האָבען וועל איך דיך פֿערזאָרגען מיט יעלות, מיט אַלעס וואָס דו ווילסט.

## אברהם.

נײַן בריװנדעלע, אַז מיר װעלען חתונה האָבען װעלען מיר האָבען אין דער הײם ששון ושמחה, מיר װעלען זיך לעבען בשמחה רבה; אגאַנצע װאָך װעלען מיר אַרבײַטען, אָבער אַז מיר װעלען דערלעבען דעם שבת קודש װעט זײַן בײַ אונז אַ שמחה, קײַן מענש אין דער װעלט, אוצרות מיליאָנען קענען נישט בעצאָהלען פֿאַר דעם שבת קודש (פֿערװאַנדלונג. שוהל)

## אברהם.

בעל הבית, ר׳ יצחק! אַגוטע בשורה, מענדעלע איז געקומען!

## יצחק.

מײַן מענדעלע איז דאָ, נו פֿאַר װאָס קומט ער נישט אַהער צו כל נדרי.

## אברהם.

נישט מענדעלע אַלײן נאָר דער מחותן ר׳ משה און די כלה דבורה׳לע און אײַער הענעלע איז...

## יצחק.

אַװעק דו שונא ישראל דערמאָן נישט איהר נאָמען אין אַ מקום קדוש, איך האָב גאָר נישט קײן הענעלע, אברהם, דו אַלײן האָסט מיר געפֿיהרט צו איהר לויה... געדענקסט נישט װען איך האָב קריע געריסען איבער הענעלעס קבר, (װײנט) אברהם, מאָרגען איז מען מזכיר נשמות, מײַן הענעלע זיצט נישט צװישען די הײליגע נשמות אונטער דעם כסא הכבוד, מײַן הענעלע איז אַ דבוק זי פֿליהט אַרום אויף דעם עולם התוהו, אברהם, װאו איז מײַן מענדעלע?!

## אברהם.

אָט געהט ער טאַטע! (מענדעלע, דבורה׳לע, הענעלע).

## מענדעלע.

טאַטעניו זעה נאָר װער עס איז דאָ, אונזער הענעלע!

## יצחק.

הענעלע געהט אַרום אויפֿ׳ן עולם התוהו, הענעלע האָט קײן נשמה נישט. מענדעלע, זעץ דיך שבעה 14 טאָג שבעה אונזער הענעלע איז געשטאָרבען.

## מענדעלע.

טאַטעניו, הענעלע לעבט און האָט חרטה. גאָט האָט איהר שוין גענוג בעצאָהלט און אַצונד בעט זי אַז דער טאַטע זאָל איהר מוחל זײַן און דער רב זאָל איהר געבען אַ תשובה.

## יצחק.

מענדעלע, פיהר אַרויס די טמאה פון אונזער שוהל!

## הענעלע.

טאַטעניו, איך האָב געזינדיגט דער שטן האָט מיר פערפיהרט, טאַטעניו! פערשטייס מיך ניש.

## יצחק.

אַוועק פון מיר דו טמאה! געדענקסט ווען דער טאַטע האָט פאַר דיר געקניהט און געוויינט, גיב מיר אָב מיין קינד דאַמאָלט האָסטו דיין טאַטען געלאָזט טרעטען מיט די פיס, אַוועק!

## מענדעלע.

יודען! אַ יודישע טאָכטער איז געקומען בעטען אַ תשובה איף איהרע זינד, יודען! אַ בעל תשובה שטעהט פאַר אייך און קלאַפט זיך אין הארצען און שרייט, חטאתי. איירע אַ שוועסטער שטעהט ביי אייך אין שוהל און בעט ביי איהרע ברידער רחמנות, פערשטייסט איהר ניט פון אייך נעמט איהר צוריק אין אייער בונד, נו, פאַר וואָס שוויגט איהר?

## רב.

דיין שוועסטער איז אין חרם און קיין ערהליכער יוד טאָר זיך אָן איהר נישט צוריהרען.

## מענדעלע.

אמת מיין שוועסטער איז אַ זינדיגע, נו פאַסקענט איהר רבי, אַז אַ חוטא טאָר קיין תשובה נישט טוהן, וואָס וויל דען אונזער גאָט מעהר פון אַ תשובה, שטעהט דען ניט געשריבען: „במקום שבעל תשובה עומד אין צדיקים יכולים לעמוד! אַז אויף דעם אָרט וואו דער בעל תשובה שטעהט קען דער גרעסטער צדיק נישט שטעהן איהר זיצט אַיינגעוויקעלט אין אייערע טליתים און בעט ביי גאָט אַ סליחה און אַ מחילה אויף אייערע זינד, אייך קומט און מיין שוועסטער נישט? קום אַהער שוועסטער'ל און זאָג מיר נאָך מיט איין אמת הע״ק, חטאנו צורנו, סלח לנו יוצרנו. (עס געשיהט)

## רב.

אויב דיין תשובה קומט פון האַרצען נעהמען מיר דיך צוריק צו. ר' יצחק זייט איהר מוחל.

## יצחק.

איך בין דיר מוחל נאָר זאָג תהלים און בעט צו גאָט אַז ער זאָל דיר מוחל זיין. (מאַר זינגט מזמור לדוד).

## ענדע

# עס העלפט ניט.

## I.

ראָס יודעלע איז אָרים, אומשולדיג ריין
און גרויס ביי יעדען אין די אויגען;
אין וואָס פאַר אַ לאַנד ער קומט נאָר צו געהן
מוז ער זיין איינגעבויגען,
מען יאָגט איהם, מען פלאָגט איהם
ביי טאָג אין ביי נאַכט
און ער וויל זיין היים געפינען
ער יאָגט זיך און שלאָגט זיך
און זיכט נאָר דאָס רעכט ביי די פעלקער צו געפינען.
אָבער עס העלפט ניט און מען דאַרף ניט
די אַלע צרות וואָס דאָס יודיל האָט
טרעהרען ניצט ניט, וויינען שיצט ניט
נון בלייבזשע יודעל ביי דיין אַלטען גאָט

## II.

דער מאַנט אייך נאָר יודעלעס צרות פון אַמאָל
וואָס ער האָט אין שפאַניען געהאַט
און דאָך איז עס געבליבען דאָס שעניע פאָלק ישראל
און זיך נישט איבער געגעבען צו דער שמאַד
דער קאָפּ פערדרעהט מיט צרות און לייד
אָהן רחמנות זיין קאָפּ צוריבען
געשענדעט איהם, פערברענט איהם
און דאָך איז ער ביי זיין אמונה געבליבען
אָבער עס העלפט ניט א. ז. וו.

## III.

און היינט אויך ווי מען גיט א בליק
דער יודעלע מיינט אַז מען האָט איהם ליעב
אָט דאָ מיינט ער האָט ער געפינען זיין גליק
דאָס איז שוין זיין היים זיין שטיב.
ער מישט זיך און קישט זיך
מיט זיינע שונאים פנים אל פנים
אַסימילירט זיך און פערשמירט זיך
און וויל נאָך אַז זיי זאָלען ווערען זיינע מחותנים
אָבער עס העלפט ניט א. ז. וו.

# ווייל מאַן און ווייב.

## I.

ווען גאָט האָט נאָר געמאַכט די וועלט האָבען אַלע חיות אָנגעקוועלט
נאָר אָדם איז ניט געווען צופרידען אומעדיג איז ער געווען,
קרעכצענדיג פלעגט ער אַרום געהן.
עס האָט יעדער געפרעגט וואָס איהם פעהלט,
וואָס גאָט האָט איהם צוגעבראַכט,
האָט איהם פריילייך נישט געמאַכט
געפריבט האָט גאָט נאָר איינס אויף טשיקאַווע
פון זיין זייט אַרוים געחאַפּט
און איינס צוויי דריי צוגיפּגעקלאַפּט
און איהם געבראַכט אַ שיין געזונד שטיק, חוה.
ווען אָדם האָט נאָר היה'ן דערזעהען
האָט ער אויסגעגלאָצט אַ פּאָר אויגען מיט ציין
ער איז גאָר איין אַנדער מענש געוואָרען (2 מאָהל)
ברײַנע: ווייסט דו פאַר וואָס?
אַבְרָהָם: זאָג מיר פאַר וואָס?
ביידע: ווייל מאַן און ווייב איז דאָך נאָר איין לייב
אַזוי האָט גאָט אָנגעשריבען און אַזוי איז געבליבען
אַז מאַן און ווייב איז איין לייב.

## II.

און דוד המלך פון ישראל איז געווען אַ העלד אַמאָל,
אַקריג פלעגט ער קיין מאָל נישט פערלירען
געוואָרען איז ער שוואַך און אַלט, מיט אַ צעבראָכען געשטאַלט..
קיין דאָקטאָר האָט איהם ניט געקענט קורירען
פערפרווירען איז ער שיער פאַר קעלט,
געמיינט אַז ער געהט פון דער וועלט.
געבראַכט האָט מען איהם אויף אַ טשיקאַווע
— פאַר דעם מלך פאַר וואָס ניט —
פון 17 יאָהר אַשיינע חוה.
ווען דער אַלטער האָט נאָר חוה'ן דער זעהען,
האָט ער אויסגעגלאָצט אַפּאָר אויגען מיט ציין
תיכף האָט ער זיין קרענק פערלוירען
ער איז איין אַנדער מענטש געוואָרען
ווייסטו פאַר וואָס... (ביז ענדע)

—